רפאל גערבער

# די פוילישע דעמאקראטיע און דער אויפשטאנד אין ווארשעווער געטא

יידישער היסטארישער אינסטיטוט ביים צ״ק פון יידן אין פוילן

ווארשע  1948

סעפּאַראַט־אָפּדרוק פון „בלעטער פאַר געשיכטע“ ב׳ I, ה׳ 2.
Odbitka z »BŁETER FAR GESZICHTE« t. I, zesz. 2.

RAFAŁ GERBER

# Polska demokracja a powstanie w getcie warszawskim

Wyd. Żyd Inst. Hist. przy CKŻwP

Składano i tłoczono w druk. CKŻwP, W-wa Tłomackie 5

# די פוילישע דעמאָקראַטיע און דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

דער אויסברוך פונם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ האָט, לכל הדעות אין די ערשטע טעג, אויפגעטרייסלט די פוילישע געזעלשאַפט און די גאַנצע עפנטלעכע מיינונג אין וואַרשע.

„זאָלן די נאָענטסטע פאַר אונז פאַרבינדעטע זיך קלאָר מאַכן די אחריות פאַר דער אומטעטיקייט פנים אל פנים מיט די פאַרברעכנס איבער דער וואַרשעווער באַפעלקערונג. זאָל דער העלדישער ווידערשטאַנד פון די יידן אַ שטויס טאָן די וועלט צו האַנדלען אין דעם דאָזיקן ענין אַזוי, ווי דער היסטאָרישער מאָמענט פאַרלאַנגט עס" — האָבן גערופן די אויפשטענדלער פונם וואַרשעווער געטאָ.

פון הינטער די מויערן פונם ברענענדיקן געטאָ האָט די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע זיך געוואָנדן דעם 23טן אַפּריל 1943 צום פוילישן פאָלק אין וואַרשע מיט אַ רוף וועגן הילף.

די וואַרשעווער באַפעלקערונג האָט דערציילט וועגן דער העלדישקייט פון די געטאָ־פּאַרטיידיקער. אַ כאַראַקטעריסטישן שיר האָט צוגעשיקט אַ פוילישער אַרבעטער צו אַ רעדאַקציע פון איינער אַן אונטערערדישער צייטשריפט:

## געטאָ אין פלאַמען *)

איך קוק אויף דיר, וואַרשעווער יידישע געגנט—
מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגן...
נישט איינמאָל אַריינגעקוקט האָט שוין אין זיי אויך דער פחד.

איך הער נישט אויף שטוינען און פרעגן:
— צי איז טאַקע קיין גאָט נישט פאַראַנען?
אַ גאָט, וואָס זאָל איטלעכן מענטש גלייך באַהאַנדלען.
איך קוק אויף דיר, וואַרשעווער יידישע געגנט —
אַרום און אַרום אין אַ ים שטייסט פון פלאַמען
און ס'שיסן אין הויך זיילן פייער און רויך.
ביינאַכט כ'זע דעם אָפּשיין פון הימל פון רויטן
פאַרצויגן מיט רויכיקע כמאַרעס.
כ'הער ס'שיסן האַרמאַטן,
כ'הער ס'שטעפּן אָן אויפהער, שנעלשיסיקע ביקסן,

ס'פּלאַצן גראַנאַטן:
אַ, וווּנדער?

*) איבערגעזעצט פון פויליש: משה קנאַפּהייס

זיי קאָנען זיך ווער׳ן
די זון פונם פאָלק ישראל!
איך קוק און באגריס אייך יידן,
איך באגריס אייערע העלדישע מעשים,
איר האָט באוויזן צו ווערן
מענטשן פון קאמף,
מענטשן פון קאמף אין דער שעה אין דער לעצטער.

אַלע, אַזוי צאָלרייכע פּוילישע אונטערערדישע גרופּירונגען בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, האָבן געמוזט נעמען שטעלונג צו די בעסטיאַלישע מעשים פון די היטלעריסטן הינטער די געטאָ־מויערן. די אונטערערדישע פּרעסע פון אַלע שאַטירונגען אַ חוץ דער ענדעקישער און אָנ״רישער האָט אין חודש אַפּריל און מאַי 1943 געשאָנקען פיל פּלאַץ דעם העלדישן קאמף פון די וואַר־שעווער יידן.

די מערהייט פון די אונטערערדישע אויסגאַבעס האָט אויסגעדריקט התפעלות און דרך־ארץ די קעמפנדיקע געטאָ־איינוווינער.

נישט דאָס אָבער האָבן דערוואַרט די העלדישע געטאָ־קעמפער. זיי האָבן געוואָלט נישט ווערטער, נאָר מעשים, רעאַלע הילף.

די גרופּירונגען, וועלכע האָבן זיך אָריענטירט אויף דער לאָנדאָנער רעגירונג פון גען׳ שיקאָרסקי, האָבן זיך באַגרענעצט איינציק און אַליין צו ווערטער, צייטנווייז אַפילו זייער שטאַרקע און פאַרכאַפּנדיקע, צו אַרטיקלען און ידיעות וועגן די קאַמפן אין געטאָ. דער רעגירונגס־לאַגער האָט דעם קעמפנדיקן געטאָ קיין געווער נישט געליפערט, נישט אַדורכגעפירט וועלכע־נישט־איז דיווער־סיע־פּרווון, וואָס וואָלטן אָפּגעצויגן די דייטשע קרעפטן פון געטאָ.

אין זיין ראַדיאָ־רעדע האָט גען׳ שיקאָרסקי גערופן די באַפעלקערונג אין פּוילן: „עס געשעעט דאָס גרעסטע פאַרברעכן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט... כ׳בעט אייך צו געבן זיי (די יידן) יעטוועדע הילף און גלייכ־צייטיק אויסראָטן די שרעקלעכע אַכזריות״.

דער באַפולמעכטיקטער פון דער פּוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן ווענדט זיך צו דער באַפעלקערונג שוין אין אַ ביסל אַנדערן טאָן:
„די פּאָליטישע ליטונג אין לאַנד האָט געבראַכט צום אויסדרוק די טיפסטע פאַראורטיילונג פון די אַנטי־יידישע בעסטיאַלישקייטן פון די דייטשן און אויך היינט באַנייט זי די פאַרדאַמונג מיט דער גאַנצער אויסדריקלעכקייט. די פּוי־לישע געזעלשאַפט האַנדלט ריכטיק ווען זי ווייזט אַרויס צו די יידן רחמנות־געפיל און גיט זיי הילף״.

קיין איין־און־איינציק וואָרט וועגן אַקטיווער הילף פאַר די געטאָ־אויפ־שטענדלער. איז דאָך ניט קיין אַנדערער ווי דער אָנפירער פון מיליטערישע קרעפטן אין לאַנד גען׳ „גראָט״־דראָוועצקי געווען אַ קעגנער פון ליווערן געווער פאַרן קעמפנדיקן געטאָ.

„ביולעטין אינפאָרמאַציינע" — דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דעלעגאַט פון דער רעגירונג האָט געבראַכט דאָס אומברענגען פון געטאָ (אָפגעזען פון אָנערקענונגס־ווערטער פאַר די קעמפער) פונם קוקווינקל פון „פאַרלוסט אין וואַרשע אַן ערך 100 טויזנט יידן־שטובן צוזאַמען מיט איינריכטונגען, אַן ערך 2 טויזנט אינדוסטרי־לאָקאַלן און צירקא 3 טויזנט האַנדלס־לאָקאַלן".

„וור"נ" האָט איז מאַי 1943 געשריבן אַזוי־צו־זאָגן: „נאָך אַמאָל איז וואַרשע געפאַלן אַ קרבן פון פייער און עקספּלאָזיווע מאַטעריאַלן... דורך מינעס און פייער זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אַ סך בנינים פון אַלגעמיינעם נוצן אויסשליסלעך דערפאַר, כדי נאָך גענויער אומברענגען די שטאָט".

באמת, ווייניק האָט די רעדאַקציע און לאַגער פון „אינפאָרמאַציע־ביולעטין" פאַרייניקט מיטן געדאַנק פון קאַמף מיט דייטשן, ווען זיי האָבן געקאָנט אויף אַזאַ ריין בוכהאַלטערישן אופן אָפשאַצן די שווידערלעכע רעזולטאַטן פון די קאַמפן אין געטאָ. אַפילו אין אָנבליק פון מאַיעסטעט פון העלדישן טויט זיינען נישט פאַרשטומט געוואָרן די שענדלעכע אַנטיסעמיטישע העצער, וואָס האָבן אויך די אויסערגעוויינלעכע געלעגנהייט אויסגענוצט אויף צו זייען האַס און שנאה. בראש פון דער אַקציע איז געשטאַנען „שאַניעץ" און „וואַלקאַ" (אָנ"ר־אויסגאַבע) זיי צו הילף איז געקומען (ווי משונעדיק ס'זאָל נישט אויסקומען) „פראָנט אָבראָני פּאָלסקי" (אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט גרופירט אַ טייל קאַטאָליקן). זייער כאַראַקטעריסטיש איז דער „פראָטעסט", וואָס איז דערשינען פריער נאָך, בשעת דער „דעפּאָרטאַציע" פון וואַרשעווער געטאָ, אַ דורכאויס צוויישפּנימדיקער אויפרוף, וואָס האָט פון איין זייט פאַראורטיילט די דייטשע געוואַלט־אַקטן און דאָס שווייגן פון דער פוילישער געזעלשאַפט, פון דער צווייטער זייט אָבער האָט ער נישט פאַרגעסן דאָס צו פאַרענדיקן מיט אַ שטאַרק אַנטיסעמיטישן אַקצענט, וואָס האָט ביי דער פוילישער באַפעלקערונג געקאָנט אַרויסרופן בלויז אַ פיינטלעכע איינשטעלונג לגבי די גערודפטע יידן.

דאָס פוילישע בירגערטום האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין אַקטיווע סאָלידאַרישקייט מיט די יידישע אויפשטענדלער, אַפילו דעמלט ווען עס האָט געשריבן אין זיינע אונטערערדישע אויסגאַבעס, אַז „די קעמפנדיקע בירגער פון דער פוילישער מלוכה פון הינטער די געטאָ־מויערן זיינען געוואָרן נאָענטער און פאַרשטענדלעכער דער געזעלשאַפט פון אונזער הויפּטשטאָט".[1]

די סאַנאַציע־אויסגאַבע „מישל פּאַנסטוואָוואַ", אַפּריל 1943 האָט אָפּגעשפּיגלט די שטעלונג פון דעם פּאָזיטיוו־איינגעשטעלטן טייל פונם בירגערטום שרייבנדיק: „די פוילישע געזעלשאַפט קוקט זיך צו צו דעם פּענאָמען מיט דרך־ארץ, גיט אים זיין מאָראַלישע אונטערשטיצונג און ווינטשט, אַז דער ווידערשטאַנד זאָל דויערן וואָס לענגער".

1) »Biuletyn Informacyjny« מאַי 1943

דער ראט צו העלפן יידן ביי דער דעלעגאטור האט געגעבן אינדיווידועלע הילף פאר יידן, וואס האבן זיך געפונען מחוץ די געטא־מויערן — ער איז נישט געווען קיין הילפס־ארגאן פארן קעמפנדיקן געטא.

דער איינציקער פאקטישער און דעצידירטער פארבינדעטער פון די געטא־אויפשטענדלער איז געווען די פוילישע דעמאקראטיע און קודם־כל דער וואר־שעווער ארבעטער־קלאס דורך זיין רעפרעזענטאנץ — דער פוילישער ארבעטער־פארטיי (פפ"ר), פוילישער סאצ' ארב'־פארטיי (רפפ"ס) און אנדערע קלענערע סאציאליסטישע גרופעס.

אקטיווע הילף פאר יידן האט געלייסטעט די סאציאליסטישע קאמפס־ארגאניזאציע („סאצ. ארגאניזאציע באיאווא), בראש פון וועלכער עס איז געשטאנען דער פראמינענטער טוער פון דער פוילישער סאצ' יוגנט לעשעק ראאבע (ר'איז שפעטער אומגעקומען). סא"ב פלעגט ארויסציען יחידים פון געטא, אויסגעפינען פאר זיי א מקום מקלט און איבערנעמען איבער זיי די השגחה. אין דער דאזיקער הילף־אקציע האט מצד סא"ב געווירקט צווישן אנדערע: דער פארמלחמהדיקער טוער פון פארבאנד פון אומאפהענגיקער סאציאליסטישער יוגנט וולאדזשימיעזש קאטשאנאווסקי (אומגעקומען בשעת דעם אווגוסט־אויפשטאנד 1944 אין ווארשע), ד"ר מאציעי וועבער און יאן ריטעל שעליגא.[2]

בשעת דעם געטא־אויפשטאנד אין ווארשע האט געשריבן דער „זשאלניעזש רעוואלוציאניסטא" דער ארגאן פון סא"ב, רעדאגירט דורך קאזשימיעזש דאראש (אצונד פוילישער אמבאסאדע־יועץ אין לאנדאן) אין אן ארטיקל: „די העלדישקייט פון די געטא־פארטיידיקער" אזוי־צו־זאגן: „אויף די גאסן פון געטא פלאטערן ווייס־רויטע און ווייס־בלויע (יידישע) פענער. דער קאמף פאר יעדן הויז, יעדן דורכגאנג, יעדע גאס, יעדע קאנאל־עפנונג און קעלער־וועג באזיצט זיין העלדישן און טראגישן פאטאס און זיין אומגעהויערן באדייט. דאס ווארשעווער געטא האט די ערשטע זיך קעגנגעשטעלט דער אקציע פון היטלערס „פארניכטונגס־קאמאנדא". די יידישע ארבעטער (ווייל די יידן, וואס זיינען פארבליבן אין געטא, זיינען צומערסטנטייל ארבעטער אין שאפן און אין אנדערע ארבעט־פלעצער) האבן אויך זייער מענלעכן באשלוס — לי בערשט אומקומען מיט געווער אין האנט איידער אין די גאז־קאמערן, — זיי האבן פארשריבן מיט זייער בלוט א ספעציעל קאפיטל אין דער געשיכטע פון פוילישע פרייהייטס־קאמפן, וועלכע מ'וואלט געקאנט אנרופן וויער אייגענע פארטיידיקונג פון ווארשע, וואס איז נישט ווייניקער העלדיש, ווי די פון יאר 1939).[3]

„די לעצטע טעג — שרייבט ווייטער דער „זשאלניעזש רעוואלוציאניסטא" — האבן געבראכט א פארערגערונג פון דער לאגע. די דייטשן זיינען צוגעטראטן צו א פלאנמעסיקן פארניכטן און אויפרייסן די דורכגענג און אונטערערדישע געטא־ארויסגענג".

---

2) אינפארמאציעס פון מגר. ק. דונין־וואנסאוויטש.

3) Żołnierz Rewolucjonista אפריל, מאי **1943**

אין שייכות מיט דעם קריטישן מצב אין געטאָ אַפּעלירט די סאָ״ב: „נישט געקוקט אויף דער העלדישער פאַרטיידיקונג וועט קומען אַ מאָמענט, ווען די בראַווע פאַרטיידיקער וועלן אָדער פאַלן אין שלאַכט, אָדער זיי וועלן זוכן אַן אַרויסגאַנג פונם באַלאַגערטן טייל וואַרשע. פאַרן קאַמף און פאַר די קרבנות פון די קעמפער קומט זיי הילף פון דער פוילישער באַפעלקערונג אין וואַרשע און אין גאַנצן לאַנד. געקעמפט האָבן זיי פאַר זייער כבוד און זייער לעבן. דעם כבוד האָבן זיי געראַטעוועט — לאָמיר העלפן זייער לעבן זאָל ניצול ווערן״.

אין דעם זעלבן נומער גיט אָפּ די סאָ״ב כבוד דער העלדישקייט פון די געטאָ־אויפשטענדלער. „די דיבורים, וואָס קעמפן אין געטאָ, באַגריסן מיר האַרציק מיט פולער באַוווּנדערונג און אָנערקענונג פאַר זייער העלדישן ווידערשטאַנד מיטן קאַמף־סאָלוט: פרייהייט! [4]

די קאָמענדע פון דער סאָציאַליסטישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, די דעמאָקראַטישע באַוועגונג „סטראַנניצטוואָ דעמאָקראַטיטשנע״ האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער הילפס־אַרבעט פאַר יידן בשעת דער אָקופּאַציע. די אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך גרופּירט אין דער דאָזיקער פּאַרטיי האָט געלייסטעט אינדיווידועלע הילף פאַר יידן דורך אויסגעפינען פאַר זיי וווינונגען און האָבן איבער זיי השגחה אויף דער „אַרישער״ זייט.

די דעמאָקראַטישע באַוועגונג האָט אויסגעדריקט איר סאָלידאַרישקייט מיטן קעמפנדיקן וואַרשעווער געטאָ. איר אָרגאַן „נאָווע דראָגי״ האָט אין אַרטיקל „אויף די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ״ (געשריבן שוין נאָכן געטאָ־אויפשטאַנד דעם 20טן יוני 1943) געגעבן אַן אָפּשאַצונג פון דער העלדישקייט און דער היסטאָרישער באַדייטונג פונם ערשטן מיליטערישן ווידערשטאַנד קעגן אָקופּאַנט אויף דער פוילישער ערד.

זיי שרייבן: „...אָבער אין די פּאַסירונגען פון דער פּסח־וואָך אין וואַרשע און אין ווידערשטאַנדס־אַקטן, וואָס וועלן נאָך קומען, איז פאַראַן אַ טיפערער זין, איידער איראָניע, אַ פּאָליטישער און מאָראַלישער זין. אויף די מויערן פון קעמפנדיקן וואַרשעווער געטאָ האָט געפלאַטערט די פוילישע פאָן. ווען דער שונא האָט זי אַראָפּגעריסן, האָט מען זי ווידער אַרויסגעהאָנגען. די יידן האָבן ממשיך געווען די סעפּטעמבער־טראַדיציע פון דער הויפּטשטאָט — קאַמף פאַר כבוד אונטערן צייכן פון אונזער רעפּובליק. אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט האָט געגעבן מחנות זעלנער, וואָס האָבן באַשלאָסן פון אייגענעם ווילן צו קעמפן קעגן דעם בשותפותדיקן שונא. און ווידער אַמאָל דאַרף מען אונטערשטרייכן דעם מאָראַלישן ווערט פונם דאָזיקן טראַגישן פאַרמעסט, פול מיט פּאַטאָס פון האָפנונגסלאָזיקייט״. [5]

די „דעמאָקראַטישע באַוועגונג״ פאָרמולירט אויפן פאָלגנדן אופן איר באַציונג צו די וואַרשעווער געטאָ־אויפשטענדלער און דעם געמאָרדעטן יידישן פאָלק: „דער לאַגער פון דער פוילישער דעמאָקראַטיע פאַראייניקט זיך מיט דער

4) Żołnierz Rewolucjonista אַפּריל מאַי **1943**

5) «Nowe Drogi» 4טער יאָר נום. 22 (37), 20טן יוני 1943.

געזעלשאפט פון דער הויפטשטאָט און פון פוילן נישט אין פּארעוון מיטגעפיל פאַר לײדן — (לײדן איז אונזער אַלעמענס חלק) — נאָר אין אויפריכטיקער אַכטונג פאַר די יעניקע, וואָס האָבן אויסגעקליבן און קליבן ווײטער אויס זעל־נער־טויט אײדער קנעכטישן טויט. דער אומדערהערטער, צינישער אויפרוף פונם גובערנאַטאָר פישער[6]) קלערט אויף, אַז די דעציזיע צו פאַרניכטן דאָס געטאָ דרינגט אַרויס פון ווילן צו באַקעמפן דעם קאָמוניזם, רופט אַלע צו מסרן דער מאכט „יעדן לעבעדיקן ייד" און זאָגט ווערטלעך — „קײן שום עטישע פאַרבאַהאַלטן קאָנען נישט שפּילן קײן ראָל". דער נידערטרעכטיקער זלזול אויפן אַדרעס פון פּאָלאַקן, וואָס געפינט זיך אינם דאָזיקן זאַץ, קאָן האָבן בלויז אײן תשובה, וואָס שלײדערט אַוועק דעם סם, וואָס מ'רוקט אונז אונטער: דאָקו־מענטירן, דערווײזן דורך מעשים. אַז אונזערע האַנדלונגען זײנען מחוץ פון אַלץ באַאײנפלוסט פון פּוילישע, קריסטלעכע און פּשוט־מענטשלעכע, עטישע אימפּעראַטיוון און נישט פון דײטשישע".

„פּאָלסקאַ וואַלטשי", (גלאָס פּאָלסקעי מישלי דעמאָקראַטיטשנעי[6א]) — „די שטים פון פּוילישן דעמאָקראַטישן געדאַנק)" האָט דעם 30 אַפּריל 1943 געשריבן:

„דער לעצטער אַקט פון וואַרשעווער געטאָ".

„מיר לײענען ביולעטינען פון די פראָנטן פון דער וועלט־מלחמה, פון אַפריקע, רוסלאַנד, כינע, פּאַציפיק. אויך דאָרטן פאַלן מענטשן — אויך דאָרטן איז פאַראַן העלדישקײט און ביטול צום טויט — אָבער דאָרטן קעמפט מען און מען פאַלט אין אַנדערע באַדינגונגען. אינם שלאַכט הינטער די מויערן פון געטאָ פאַלן מענטשן „אַנדערש" — ס'איז אַ קאַמף פון דעספּעראַטן אינם גרויל פונם צעהוליעטן מאָרד, רציחה און בעסטיאַליטעט.

דער ביולעטין פונם דאָזיקן שלאַכט־פעלד דאַרף ווערן איבערגעלײענט אויפן פראָנט פון דער קעמפנדיקער מענטשהײט, כדי דער זעלנער זאָל זיך קאָנען גרויס האַלטן מיט די וואָפן־חברשאַפט מיט די, וואָס פאַלן הײנט אין די וואַרשעווער געטאָ־הײזער און גאַסן מיט געווער אין דער האַנט.

דער רויך איבער וואַרשע קאָן זיך נישט פאַנאַנדערגײן און פאַרשווינדן אָן שפּורן, ווײל ס'וואָלט אַוועק דאָס, וואָס איז אין לעבן העלדיש און עס וואָלט שפּורלאָז פאַרשווונדן דאָס שווידערלעכע דײטשע פאַרברעכן, וואָס רופט נאָך נקמה".[7])

אַ מקום־מקלט פאַר פיל יידן, דער עיקר צווישן דער אינטעליגענץ (אויך פאַר די, וואָס האָבן זיך אַרויסבאַקומען פון ברענענדיקן געטאָ) איז געווען דער וואַרשעווער ווױנונג־קאָאָפּעראַטיוו „וואַרשאַווסקאַ ספּולדזשעלניאַ מיעשקאַניאָ־וואַ" — געזעלשאַפטלעכע בוי־ אונטערנעמונג. די פאַרוואַלטונג פונם דאָזיקן קאָאָפּעראַטיוו אָנגעפירט דורך סטאַניסלאַוו שוואַלבע און סטאַניסלאַוו טאָלווינ־

---

6) פון 13טן מאַי 1943.

6א) Polska Walczy (Głos Polskiej Myśli Demokratycznej)

7) »Polska Walczy« 4 יאָרגאַנג, נומער 8 (62), 30־טער אַפּריל **1943**

סקי, האָט באַזאָרגט די יידן מיט דאָקומענטן, וואָס האָבן דערמעגלעכט דאָס איבערלעבן די אָקופּאַציע־תקופה.

דער דעמאָקראַטישער טייל פון דער פּוילישער אינטעליגענץ האָט אויך געפּרוּווט העלפן די פאַרטיידיקער פון געטאָ דורך דיווערסיע־אַקטן. אין די ערשטע טעג פונם געטאָ־אויפשטאַנד האָט אַ קאַמף־גרופּע פון דער „פּוילישער פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייטס־אַקציע", אָנגעפירט דורכן איצטיקן וויצע־מאַרשאַל פון סיים באַרטשיקאָווסקי, מיט שעמלעי בראַש, אַטאַקירט די דייטשן אויף דער אָקאָפּאָווע גאַס. 8)

דער פּוילישער לינקער סאָציאַליזם — די פּאַרטיי פון אַדאַם פּרוכניק און סטאַניסלאַוו כודאָבאַ — „פּוילישע סאָציאַליסטן" און שפּעטער די פּוילישע סאָצ' אַרבעטער־פּאַרטיי „ר. פּ. פּ. ס." האָט פון סאַמע אָנהויב אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט די יידישע סאָציאַליסטן אינעם וואַרשעווער געטאָ.

אינעם געטאָ איז אַנטשטאַנען אַן אָרג' „פּוילישע סאָציאַליסטן" און שפּעטער רפּפּ"ס, וועלכע האָט געציילט אַ פּאָר צענדליק מיטגלידער. צו איר האָבן צוו"אַ געהערט דער קרייז־פּאָרזיצער אַנטאָני אָפּענהיים — „טאָמאַש", דער פּאָרזיצער אַדוו' סטעפאַן וואַרשאַווסקי „סטעפאַן", דער סעקרעטאַר אינזש' יעזשי ניידינג, דער לייטער פון מיליטערישן ביוראָ — אַדוו' אַלעקסאַנדער לאַנדסבערג, דער אַדוו' אַפּליקאַנט לוציאַן שולקין, דער רעדאַקטאָר פון דער געטאָ־אויסגאַבע „געטאָ פּאָדזיעמנע" פון די פּוילישע סאָציאַליסטן. די פאַרבינדלער מצד דעם אָק"ר (וואָיעוואָדישער אַרבעטער־קאָמיטעט) פון „פּוילישע סאָציאַליסטן" מיט דער געטאָ־אָרגאַניזאַציע פּ"ס זיינען געווען סטאַניסלאַוו כודאָבאַ און יאַן מולאַק. זיי האָבן צוגעשטעלט אין געטאָ אונטערערדישע פּרעסע. מיט דער געטאָ־אָרגאַניזאַציע האָבן זיך אויך קאָנטאַקטירט אין דער פאַר־אויפשטאַנד־תקופה מילאַש, מינקעוויטש און מיצנער.

אַ פּיל גרעסערע איז געווען די הילף פון רפּפּ"ס פאַרן „בונד" אין געטאָ אין דער פאָרם פון מיליטערישער אויסשולונג־אינסטרוקטאַזש און כלי־זין.

אין יאָר 1943 האָט דער „בונד" דעלעגירט דעם אינזש' מיכאַל קלעפּפיש אויף דער פּוילישער זייט דורך דער פאַרמיטלונג פון דער פאָלקס־מיליץ פון רפּפּ"ס אויף איינצוקויפן געווער און כעמישע פּראָדוקטן אויף אויסצואַרבעטן אויפרייס־מאַטעריאַלן.

קלעפּפיש האָט געגאַסן פון די רפּפּ"סישע לאָקאַלן: אויף דער טאָפּיעלגאַס, ווו ס'האָט געוווינט דער מעטאַל־אַרבעטער יאַן קוליטשקאָווסקי פּסעוודאָנים „בעלקאָט", אַ פאַרמלחמהדיקער מיטגליד פון „אָמטור" אין פון דער „סאָצ' אַקציע" און אויף דער שאַרא־גאַס פון דער וווינונג פון מיכאַל אוגוס־טיניאַק. די פאָלקס־מיליץ פון רפּפּ"ס האָט געשטעלט אין רשות פון קלעפּפיש 10 פערזאָן צו טעכנישער הילף.

---

8) אינפאָרמאַציע פון יאַן מולאַק.

א זעלבסטשטענדיקע הילפס־אקציע פאר יידן דורך בונדישע קאָנטאַקטן האָט געפירט מצד רפפ"ס סטעפאַן ראַנגענס, פסעווד' ראָבערט סטאַרי, אַן אַלטער אַרבעטער־טוער, געוו' מיטגליד פון פפ"ס־לעוויצאַ אין די פאַרמלחמהדיקע יאָרן, דער גענ'־סעקרעטאַר פון הויפט־פאַרוואַלטונג פון טראַנספּאָרט־פאַריין, אין דער צייט פון אָקופּאַציע — פּאָרזיצער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון רפפ"ס. דער דאָזיקער דערפאַרענער טוער האָט צילבאַוווסט אָנגענומען אַרבעט אין די אויטאָ־וואַרשטאַטן אין געטאָ, כדי אַזוי אַרום צו האָבן פאַרבינדונג מיטן געטאָ און ברענגען הילף דער יידישער באַפעלקערונג.

אין די יאָרן 1943—1944 האָט באַדייטנדיק געהאָלפן יידן דער אינסטרוק־טאָר פון פּראָפ'־פאַריין פון ערד־אַרבעטער אין זאַמאָשטשער קרייז אין די פאַר־מלחמהדיקע יאָרן סטעפאַן סענדלאַק.

אַ טעטיקן אָנטייל אין דער הילפס־אַקציע פאַר יידן האָט פון אָנהויב 1943 גענומען די פרוי פון אָנגעזעענעם סאָציאַליסטישן טוער אַדאַם פּרוכניק, אירענאַ פּרוכניק.

זי, צוזאַמען מיט סענדלאַקן, האָבן אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט פּאָליאַקן, וואָס האָבן געאַרבעט אין די אָפּטיילונגען פון אַרבעטס־אַמט אויף נײַ־וועלט און אויף וואָליע, און דורך די אָנגעשטעלטע פון אַרבעטס־אַמט אַרויסבאַקומען פאַר יידן פּאַפּירן אויף אַרויסצופאָרן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד.

אירענאַ פּרוכניק איז אַרעסטירט געוואָרן אין 1944 יאָר און משמעות דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן אין וראָצלאַווער תפיסה.

זי האָט אָפּגעראַטעוועט פיל פּערזאָנען, וואָס וואָלטן, ווען נישט איר הילף, אומגעקומען הינטער די געטאָ־מויערן, אַרבעטס־לאַגערן אָדער אין דייטשע תפיסות.[9]

די הילף פון רפפ"ס דורך ראַנגענסן און סענדלאַקן איז באַשטאַנען אין אויסבאַהאַלטן יידן אויף דער „אַרישער" זייט און איינאָרדנען יידישע קינדער אין פּוילישע משפחות. ראַנגענס האָט אָנגעהאַלטן אַ סטאַבילן קאָנטאַקט מיט ד"ר פיינער.

אין דער וווינונג פונם 40יאָריקן מיטגליד פון רפפ"ס סטעפאַן פּאָקראָ־פּעק אויף וואַשינגטאָנאַ־גאַס פלעגן זיך טרעפן פאַרבינדלער פון געטאָ מיט וואַרשעווער טוער. פּאָקראָפּעק פלעגט העלפן יידישע פּאַרטיזאַנער. ער האָט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער דייטשער מאַכט. נישט אויס־געשלאָסן, אַז צוליב אַ מסירה האָט געסטאַפּאָ אַרומגערינגלט דאָס הויז, ווו פּאָקראָפּעק האָט געוווינט. כדי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון געסטאַפּאָ איז דער איבערגעגעבענער סאָציאַליסט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.[10]

---

(9 אינפאָרמאַציע פון סטעפאַן סענדלאַק.

(10 ב. מאַרק — חורבות דערציילן, ז. 271

נאָכן אויסברוך פון געטאָ־אויפשטאַנד האָט רפּפּ"ס העקטאָגראַפירט דעם אויפרוף פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע צו דער פּוילישער באַפעלקערונג אין וואַרשע און אים קאָלפּאָרטירט הויפּטזעכלעך אין זשאָליבאָזש.[11]

די וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע פון רפּפּ"ס האָט זיך באַמיט צו ברענגען מיליטערישע הילף פאַר די געטאָ־קעמפער. דעם 22טן אָדער 23טן אַפּריל 1943 האָט אַן אָפּטייל פון דער פאָלקס־מיליץ פון רפּפּ"ס אונטערן קאָמאַנדאַנט פון רפּפּ"ס וולאַדיסלאַוו אַנדזשעיטשאַק, פּסעוודאָ' „אַנטעק", אַטאַקירט די דייטשן ביי עק פראַנטשישקאַנער און באָניפראַטן, פּאַראַליזירנדיק די אָפּעראַציעס פון די דייטשן אויפן דאָזיקן אָפּשניט אויף אַנדערהאַלבן שעה. קיין קרבנות האָט דער מיליץ־אָפּטייל נישט געליטן. אין דער דאָזיקער אַקציע האָבן צווישן אַנדערע אָנטייל גענומען: פאַר' יאַניצקי רישאַרד, דער זון פון דרוקער־אַרבעטער יאַניצקי, (אַצינד סטאַראָסטע פון וואַרשע־צפון), דער אָנפירער פון דער רפּפּ"סישער טעכניק, דער יונגער אַרבעטער באַרטשינסקי פּסעוודאָ' „יאַצעק", דער זון פון אַרכיטעקט ריישאַרד לעווי, ברידער עדוואַרד און זדזשיסלאַוו באַלצעזשאַק, קיציאַק, קוויאַטקאָווסקי, אירענעאוש אַ יונגער אַרבעטער באַקאַנט אונטערן פּסעוודאָנים „יאַסקיער".

די פרעסע פון „פּוילישע סאָציאַליסטן" און פון דער שפּעטער אַנטשטאַנענער רפּפּ"ס „באַריקאַדאַ וואָלנאָשטשי" און „ראָבאָטניק" האָבן פיל פּלאַץ געווידמעט דעם לעבן אין געטאָ, אַרויסווייזנדיק כסדר אַ פּאָזיטיווע באַציונג צו דער יידישער באַפעלקערונג, אינטערעסירנדיק זיך אַקטיוו בשעתן געטאָ־אויפשטאַנד מיט זיין פאַרלויף. די דאָזיקע פרעסע האָט גערופן צו העלפן די קעמפער.

„ראָבאָטניק" האָט געשריבן אין נומער 113 אינם אַרטיקל „דער העלדישער ווידערשטאַנד פון די יידן אין וואַרשעווער געטאָ" — „אין די ערשטע טעג פון קאַמף האָבן די יידן אַרויסגעהאָנגען צוויי פענער, אַ פּוילישע און אַ יידישע און אויך אַ טראַנספּעראַנט, וואָס האָט גערופן די פּוילישע באַפעלקערונג צו סאָלידאַריטעט. די ערשטע דריי טאַנקן, וואָס די דייטשן האָבן אַריינגעפירט אין געטאָ, זיינען שוין נישט צוריקגעקומען. ס'האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די יידן האָבן איינגענומען דעם „פּאַוויאַק" און באַפרייט די אַרעסטאַנטן"...

„מיר געדענקען, אַז הונדערט מאָל וויכטיקער וויכטיקע פאַקטן זיינען אין לאָנדאָן באַקאַנט געוועזן כמעט תיכף און זיינען געוואָרן איבערגעשיקט בכל תפוצות העולם. אָבער וועגן דער פריערדיקער ליקווידאַציע פון יידן אין פּוילן, אין וועלכער ס'איז אומגעקומען איבער אַנדערהאַלבן מיליאָן מענטשן, האָט זיך די וועלט דערוווסט ערשט נאָך דער פולשטענדיקער פאַרענדיקונג פון דער אַקציע.

---

11) די טעטיקייט פון פּ. ס. און ר. פּ. פּ. ס. פאַרגעשטעלט אויפן סמך פון אינפאָרמאַציעס פון יאַן מולאַק און אַרכיוו־מאַטעריאַלן פון צ. ק. וו. פּ. פּ. ס. (אַ טעטיקייטס־באַריכט פון ד ע ר גרופּע און (שפּעטער) ר. פּ. פּ. ס. אין וואַרשעווער געטאָ.

די הילפס־אקציע פון די אזוי גערופענע רעגירונגס־פאקטארן (צום באדויערן פירן מיט איר אן ענדעקעס) איז אויך געקומען נאכן שפריכווערטלעכן אפגיין פון דער באן. צי וועט אויך דאס מאל, פרעגט דער מחבר פון ארטיקל, אלץ גיין מיטן פריערדיקן סדר? פונקט אזוי צו שפעט און אזוי ציניש?״.

שוין נאכן פאלן פון אויפשטאנד האט דער ארגאן פון רפפ״ס „ראבאט־ניק״ דעם 20טן יוני 1943 פארעפנטלעכט „זכרונות און באמערקונגען פון די קעמפער״ פון אנדזשעי טוווים, א ברודערן־זון פון יוליאן־טוווים. אנאליזירנדיק דעם פארלויף פון אויפשטאנד, איז ער געקומען צו דער מסקנה, אז דאס געטא האט געקעמפט אונטער דער אנפירונג פון יידישן פראלעטאריאט.

„צום הויפט־מאמענט פון דער דייטשער אפענסיווע, זיינען די יידן כמעט געווען צוגעגרייט — שרייבט טוווים. די אויפטוען פון די טראנספארטלער, דער קאנצענטרירטער קאנטראטאק פון די ברעשטער־ארבעטער, פארברענטע טאנקן און פאנצער־אויטאס, אנטלאפנטע ס״ס־לייט און דייטשן מיט צוגענומענע מונ־דירן — דאס זיינען די באזונדערע קאמפס־עטאפן בראש מיטן יידישן פרא־לעטאריאט.״

צוליב דער פאסיוויקייט פון יידישן בירגערטום און מאנגל פון אונטער־שטיצונג און אפילו ביים טיילווייזן אריינפירן אין א טעות מצד די פון יענער זייט מויער — איז דער אויפשטאנד געווען בלויז אן עפיזאד״.

דעם צענטראלן ארט אין דער הילפס־אקציע פארן קעמפנדיקן געטא פאר־נעמט די פוילישע ארבעטער־פארטיי — פפ״ר, וואס האט געהאט אין געטא א שטארק פאנאנדערגעבויטע ארגאניזאציע, וועלכע האט אין אפריל 1943 געציילט אן ערך 500 מיטגלידער. דער ארט־קאמיטעט פון פפ״ר אין געטא איז אין 1942 באשטאנען פון פאלגנדע פערזאנען: יוסף לעווארטאווסקי — דער קאמ׳־סעקרעטאר, דרעיער, מערעטיק, דער געוועזענער זעלנער פון דער דאמבראווסקי־בריגאדע אנדזשעי שמידט — דער אנפירער פון דער קאמפס־גרופע, ליובא פאנדאמינסקא און טאדעק וולאסקא.

נאכדעם, ווי יוסף לעווארטאווסקי איז ארויסגעפירט געווארן קיין טרעב־לינקע, האט מיט דער ארבעט פון קאמיטעט אנגעפירט, ביז דער ליקווידאציע פון אויפשטאנד, אינזש׳ עדווארד פאנדאמינסקי — מ׳האט אים גערופן „דאס הארץ און מוח פון דער ארגאניזאציע״.

שוין לאנג פארן אויסברוך פון אויפשטאנד האט די פפ״ר־ארגאניזאציע אין געטא געמאכט אלע נויטיקע הכנות צו דער מיליטערישער אקציע. מ׳פלעגט קויפן געווער ביי דייטשן, אנטלאפענע איינצלנע זעלנער אין געטא און אזוי ארום געווונען געווער. מ׳פלעגט אויך פראדוצירן באמבעס. אינזש׳ יוליאן סעלצאווסקי האט געארבעט אין א ספעציעל ארגאניזירטער לאבאראטאריע. די ארגאניזאציע האט דיספאנירט מיט אייגענע בונקערס.

די פּפּ"ר־לייטונג אין וואַרשע האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיטן גורל פון וואַרשעווער געטאָ. דורך ספּעציעלע שליחים האָט זי קאָנטראָלירט דעם ווייטערדיקן גורל פון די מענטשן־טראַנספּאָרטן פון וואַרשעווער געטאָ (11א).

שוין אין 1942 האָט פּפּ"ר גערופן די פּוילישע באַפעלקערונג צו אַקטיווער הילף פאַר יידן, וואָס אַנטלויפן פון געטאָ. אַזוי, למשל, האָט דער אָרגאַן פון דער פּעפּערישער פאָלקס־גוואַרדיע „גוואַרדזשיסטאַ" פאַרעפנטלעכט אינם נומער פון 15טן אַווגוסט 1942 פאָלגנדיקן פאַראָל: „לאָמיר צוהעלפן יידן ביים אַנטלויפן. לאָמיר העלפן ביים אַריינטרעטן אין די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען".

די פּפּ"רישע פּרעסע פלעגט כסדר אינפאָרמירן דאָס וואַרשעווער אַרבעטער־פאָלק וועגן דער שרעקלעכער נויט פון דער יידישער באַפעלקערונג, וועגן דעפּאָרטאַציעס און טעראָר, וואָס בושעוועט אין געטאָ. זי איז געווען גוט אָריענטירט אין דער סיטואַציע פון געטאָ.

„גלאָס וואַרשאַווי" (11ב) — דער אָרגאַן פון פּפּ"ר האָט געשריבן: „די יידישע באַפעלקערונג פון לעטאַרג־שלאָף. קיינער מאַכט זיך שוין נישט קיין שום אילוזיעס וועגן גורל, וועלכן די היטלעריסטישע בעסטיע גרייט די יידן, וואָס זיינען ניצול געוואָרן פון פּאָגראָם. אין סעפּטעמבער איז דערהרגעט געוואָרן דער פאַרטרעטער פון פּאָליצײ־לייטער יעקב לייקין. סוף נאָוועמבער איז אויסגעפירט געוואָרן דער טויט־אורטייל איבער ישראל פירסט — דעם פאַרמיטלער צווישן דער דייטשער מאַכט און דער יידישער קהלה".

דעם 29טן יאַנוואַר 1943 איז מודיע דער „גלאָס וואַרשאַווי", „אַז די יידישע באַפעלקערונג ווערט זיך" — „פון געטאָ קומען ווייטער אָן פאָלגנדיקע ידיעות: מאָנטיק דעם 18טן יאַנוואַר — 7 פרי זיינען אַריין אָפּטיילונגען פון זשאַנדאַרמעריע און ס"ס. זיי האָבן פאַרהאַלטן גרופּן פון יידישע שארית־הפליטה, וואָס זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט מחוץ דעם געטאָ און זיי אַריבערגעפירט אויפן א"ג „אומשלאַג־פּלאַץ" אויף סטאַווקי־גאַס און פון דאָרט געלאָדן אין וואַגאָנען קיין טרעבלינקע. די ערשטע גרופּן האָבן זיך נאָך נישט אָריענטירט אין דער לאַגע. די אַרבעטער פון „אָב"וו" (אָסטדויטשע באַו ווערקשטעלע) האָבן די ערשטע געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. דער סיגנאַל איז געווען אַ גראַנאַט, וועלכן ס'האָט געוואָרפן דאָס יונגע מיידל לאַנדאַו. ס'זיינען געפאַלן עטלעכע דייטשן. דאָס מיידל האָט מען דערשאָסן. די איבעריקע אַרבעטער האָבן אויסגענוצט די בהלה, אַנטוואַפנט די דערהרגעטע דייטשן און זיינען זיך פאַנאַנדערגעלאָפן.

אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד האָבן זיך אויך די דייטשן אָנגעשטויסן אין שולצ'ס פאַבריק אויף נאָוואָליפּיע גאַס, וואָס האָט באַשעפטיקט 4.500

---

11א) די הילפס־טעטיקייט פון פראַנטשישעק לענטשיצקי, איזאַלדאַ קאַיואַלסקאַ, סטאַניסלאַוו לעגיעץ, העדדאַ באַרטאָשעק.

11ב) „Głos Warszawy" Nr. 1 (19) יאַנואַר 1943

אַרבעטער. זיי האָבן זיך פון דאָרטן שנעל אַריבערגעצויגן. שטיגן און איינגענג פון בלאָקירטע הייזער פלעגט מען באַגיסן מיט נאַפט און בענזין. ווען די דייטשן פלעגן זיך דערנענטערן פלעגט מען דאָס אונטערצינדן. אַזוי אַרום איז פאַרברענט געוואָרן אַ הויז אויף ניזקאַ גאַס, וווּ ס'זענען געפאַלן עטלעכע זשאַנדאַרן.

אין געטאָ הערשט פאַקטיש באַלאַגערונגס־צושטאַנד. ביי די פאַבריק־בנינים און עק־גאַסן שטייען מאַשין־געווער־פּאָסטנס. מ'זעט נישט קיין סימן פון לעבן. קיין איין־און־איינציקע פאַבריק איז נישט טעטיק. מ'קאָן נישט קיין זאַך קויפן. מענטשן לעבן פון שיריים. מ'קאָכט נישט, כדי דער רויך זאָל נישט פאַראַטן זייער באַהעלטעניש."

דאָס געטאָ האָט אָנגעהאַלטן אַ סטאַבילן קאָנטאַקט מיטן וו"ק פון פּפּ"ר, מיט וולאַדיסלאַוו גאָמולקאַ (וויעסלאַוו), נאַסטעק, קאָוואַלטשיק, אַלעקסאַנדער קאָוואַלסקי, איזאַלדאַ קאָוואַלסקאַ, מיטן וואַרשעווער שטאַב פון דער פאָלקס־גוואַרדיע — מיטן אָנפירער פאַר וואַרשע באָלעסלאַוו קאָוואַלסקי („רישאַרד"), מיט וולאַדיסלאַוו ליעגיעץ, אַנטעק וואָלף און וואַצקאַ אַדאַמקיעוויטש. מצד דעם פּאָוואָנזקער קאָמיטעט פון פּפּ"ר האָט זיך מיטן געטאָ קאָנטאַקטירט פראַנטשישעק לענטשיצקי, אַן אַלטער אַרבעטער־טוער, איינער פון די פאָרשטייער פון עלטערן דור רעוואָלוציאָנערן.

ביז מערץ 1943 האָט מיטן געטאָ געהאַט אַ כסדרדיקע פאַרבינדונג איינע פון די שפּעטערינס און גרינדערינס פון „זוויאָנזעק וואַלקי מלאָדיך", האַנקאַ סאַוויצקאַ.

ערב דעם געטאָ־אויפשטאַנד אין מערץ 1943 האָט צוליבן אָפּפאָרן קיין קראָקע פון באָלעסלאַוו קאָוואַלסקי („רישאַרד"), די קאָנטאַקטן מיטן וואַרשעווער געטאָ איבערגענומען דער נייער קאָמענדאַנט פון וואַרשע סטאַניסלאַוו סקריפּי, פּסעווד' „סילוועסטער", אַ 30יאָריקער אַרכיטעקט־אינזשיניער, דער אָרגאַניזאַטאָר פון נקמה־אַקציעס פאַר די דייטשע פאַרברעכנס איבער דער וואַרשעווער באַפעלקערונג.

דער וואַרשעווער קאָמיטעט פון פּפּ"ר האָט אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט נישט בלויז מיט יידישע חברים פון פּפּ"ר, נאָר אויך מיט שליחים פונם געטאָ־אונטערערד פון פאַרשידענע יידישע דעמאָקראַטישע גרופּירונגען.

דער קאָנספּיראַטיווער לאָקאַל, וווּ די פּפּ"ר־טוער פלעגן זיך טרעפן מיט שליחים פון געטאָ־חברים פון פּפּ"ר, השומר הצעיר, פועלי ציון, איז געווען די וווינונג פון די פאַרמלחמהדיקע טוער פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג, די מיטגלידער פון דער פּוילישער קאָמ'־פּאַרטיי — סטאַניסלאַוואַ און וולאַדיסלאַוו ליעגיעץ, דעם היינטיקן סטאַראָסטע פון וואַרשע־מיטל שטאָט (אויף שטשיגלע 3 וווינונג 5. לויט דאָראַ גאָלדקאָרן, איינער פון די גאָבלסטע געשטאַלטן פון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, זיינען זיי געווען אויסנאַמסווייז גוטע מענטשן און גרויסע יידן־פריינט.

אויף שטשיגלע האָט געגאָלטן דער פּאַראָל: „כ'בין געקומען צו פאָרן פון טשענסטאָכאָוו". טאַקע דאָרטן האָט אין פעברואַר־מערץ 1943 וולאַדיסלאַוו גאָמולקאַ „וויעסלאַוו" אָפּגענומען אַ באַריכט פון „יוזעקן" — דעם פאָרשטייער

פון פפ״ר־קאָמיטעט אין געטאָ. ביים באַריכט־אָפּנעמען איז אויך אָנוועזנד געוועזן נאַסטעק קאָוואַלטשיק. ס׳פלעגט אויך קומען אין דאָזיקן לאָקאַל דער „שומר״ טאַדעק „דראָזשקאַזש״, אַ בלאָנדער מיט אַ פּאַריסענער נאָז — פון אומגעהויערן מוט. ער איז אומגעקומען אינם אויגוסט־אויפשטאַנד אויף וואַשינגטאָן־ראָנדאָ, ווען ער איז געגאַנגען נאָך געווער אויפן רוזשיצקי באַזאַר.

איינמאָל, גייענדיק צו די לעקציעס, האָט ער אויף אָרדינאַצקע און נייוועלט אָנגעטראָפן אַן 18יאָריקן יידישן בחור, וועגן וועלכן עס איז געווען באַוווסט, אַז ער דינט דער „געסטאַפּאָ״. ער האָט פאַרפירט מיט אים אַ שמועס, פאַרקערעוועט אין אָקולניק־גאַס און דאָרט דערהרגעט אים אויפן אָרט.

אויף צומאָרגנס, נישט געקוקט אויף דער דראָענדיקער סכנה (דער נעבעטיקער פאַרפאַל איז שוין געוואָרן גוט באַקאַנט אין דער עפנטלעכקייט) האָט ער זיך, אויף דעם זעלבן אָרט אָפּגערעדט מיטן יונגן פפ״ר־חבר גאַאיק.

אָפטע געסט זיינען אויף שטשיגלע גאַס געווען דער שוין דערמאָנטער אינזש׳ עדוואַרד פאַנדאַמינסקי און דער 20יאָריקער פפ״ר־מיטגליד יורעק זאַלאָטאָוו — אַ שטענדיקער פאַרבינדלער מיטן געטאָ, דער זון פון באַוווסטן אַרבעטער־טוער.

יורעק זאָלאָטאָוו פלעגט ברענגען חפצים און געלט, פאַר וועלכע די וואַרשעווער פפ״ר־אָרגאַניזאַציע פלעגט איינקויפן געווער. זאָשיאַ קרענגלעווסקאַ פסעווד׳ „יאַסנאַ״ האָט אויפגעהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט זאָלאָטאָוון. יורעק איז געווען אויסגעשטעלט אויף פאַרשידענע סורפּריזן בשעת זיינע געפערלעכע וואַנדערונגען איבער דער שטאָט.

בעת אַ געוויסן צוזאַמענטרעף פון זאָלאָטאָוון מיט פראַנטשישעק ליענטשיצקי אין קאָנספּיראַטיוון לאָקאַל אויף דער אַלט־שטאָט, האָבן זיך פלוצים אַריינגעריסן צוויי באַוואָפנטע מאַנסלייט און דורכגעפירט אַ רעוויזיע. דאָס זיינען געווען פּוילישע מוסרים אין דייטשישער דינסט. ליענטשיצקי האָט זיי אויפגעקלערט, אַז אָפּגערעדט האָבן זיי זיך דערפאַר, ווייל זיי זיינען וואַלוטעסוחרים. די מוסרים האָבן צוגענומען אַ שאַכטל, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש, מיינענדיק, אַז אינעווייניק געפינט זיך גאָלד און זיי האָבן באַפרייט ליענטשיצקין און זאָלאָטאָוון. אין דער אמתן זיינען דאָרט געלעגן קוילן פאַרן געטאָ. ווען אין אַ האַלבער שעה שפּעטער זיינען די מוסרים נעקומען צום שכל און דאָס הויז איז געוואָרן אַרומגערינגלט דורך פּאָליציי — האָט מען שוין אין דער וווינונג קיינעם נישט געטראָפן.

מיט יורעק זאָלאָטאָוון פלעגט מיטאַרבעטן רישעק מוזולמאַן, אַ יונגער יידישער פפ״ר־חבר.ביידע זיינען געפאַלן מיט אַ העלדן־טויט אויף אַן אונטערערדישן פונקט אויף פּלאַץ באַנקאָווי שוין בשעת דעם געטאָ־אויפשטאַנד. אויף שטשיגלע גאַס פלעגט אויך קומען פון געטאָ די יונגע פאַרבינדלערין, די סטודענטין פון דער העכערער אַגראָנאָמישער שול — די טאָכטער פון הרב בלומענפעלד — טאָלאַ בלומענפעלד. נאָכן פאַלן פונם געטאָ־אויפשטאַנד איז זי געוואָרן איבערגעשיקט אין אַ פּאַרטיזאַנער־אָפּטייל פון דער פאָלקס־גוואַרדיע אין קיעלצער קרייז, וווּ זי איז געפאַלן אין קאַמף מיט די דייטשן.

אין דער תקופה דירעקט ערב דעם אויפשטאנד האָט די פפ"ר באַדייטנ־דיק פאַרגרעסערט די אַקציע פון איינקויפן געווער, וואָס מ'פלעגט אַריבערוואַרפן אין געטאָ אויף אַזאַ אופן, אַז אין אַ באַשטימטן פונקט פלעגט מען טעראָרי־זירן אָדער איבערקויפן דעם פּאָליציאַנט און דאָס געווער אַריבערוואַרפן איבערן געטאָ־מויער. מיט צושטעלן געווער פלעגט זיך פאַרנעמען זאָשיאַ קרענגלעווסקאַ פּסעווד' „יאַסנאַ", די שוועסטער פון סטאַניסלאַוואַ ליעניעץ און קאָמענדאַנטין פון פּאָוואָנזקער אָפּשניט פפ"ר.

אפילו נאָכן אויסברוך פון אויפשטאַנד האָט מען ווייטער געליפערט גע־ווער פאַר די געטאָ־קעמפער, אויסנוצנדיק די אונטערערדישע קאַנאַלן מחמת דעם, וואָס קיין אַנדער פאַרבינדונג מיטן אָפּגעשניטענעם געטאָ איז שוין נישט געווען. אויף אַזאַ אופן איז געלונגען אַריבערשיקן פון מאַרימאָנט אַ געוויסע צאָל ביקסן און צוויי גרויסע קאַסטנס מיט טויזנטער ביקסן־קוילן.

פראַנטשישעק לענטשיצקי דערציילט, אַז די וואַרשעווער אָ־גאַניזאַציע פפ"ר האָט אָפּגעגעבן כמעט איר גאַנצע געווער, כדי צו קאָנען עפעקטיוו העלפן די געטאָ־קעמפער. ס'איז געקומען די פּאַסכאַ־וואָך 1943 און דער אויסברוך פון אויפשטאַנד. און ווידער איז פפ"ר געווען דער צענטער, וווּ ס'איז תיכף אַנט־שטאַנען דער געדאַנק פון מיליטערישער הילף פאַרן געטאָ.

דער קאָמענדאַנט פון וואַרשע אַנדזשעי סקריפּי האָט אין דעם ערשטן טאָג פון אויפשטאַנד פאַראָרדנט דעם לייטער פון דער ספּעציעלער גרופּע פראַנ־טשישעק באַרטאָשעק, פּסעווד' „יאַצעק", צו אָרגאַניזירן אַ מיליטערישע סאָלי־דאַריטעטס־אַקציע.

אויף צומאָרגנס איז אַרוים אויף די גאַסן בשכנות פון געטאָ, פון וועלכע די דייטשן האָבן באַשאָסן די יידישע אויפשטענדלער, אַ פפ"רישע ספּעציעלע גרופּע אין באַשטאַנד פון איבער צען פערזאָן מיט באַרטאָשעק בראש.

באַרטאָשעק — אַ מאָלער־אַרטיסט, אַ מענטש מיט אַ גרויס הארץ און אומגעהויערער גבורה, איז געווען איינער פון די פאָרשטייער פון דער צאָלריי־בער גרופּע יונגע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן.

„יאַצעק"—באַרטאָשעק האָט שוין געהאַט הינטער זיך אַ ריי זייער דרייסטע מיליטערישע אַקציעס. אַלע זיינע מיטאַרבעטער האָבן וועגן אים די בעסטע מיינונג. זיין נאָמען איז געווען זייער גוט באַקאַנט צווישן די מיטגלידער פון דער פאָלקס־גוואַרדיע. אָט, וואָס עס האָט וועגן אים געזאָגט וואַנדאַ וויטניצקאַ אין יאָר 1943 — אַ מיטגליד פון זיין גרופּע, וואָס האָט זיך שטענדיק באַטייליקט אין די אַקציעס, אָרגאַניזירט און אַדורכגעפירט דורך „יאַצעק" פראַנטשישעק באַרטאָשעק:

„....„יאַצעק" איז דער מח, נשמה און האַרץ פון אונזער אָפּטייל. אָן דער מינדעסטער וואַקלעניש וואָלט יעדער פון אונז באַזונדער און אַלע צוזאַמען זיך געלאָזן פאַר „יאַצעקן" דערהרגענען אָדער געשפּרונגען אין פייער און דערביי

איז ער אין טאָגטעגלעכן צוזאַמענלעבן אַזוי באַשיידן און פשוט, אַז ס'פילט זיך גאָרנישט זיין גרויסקייט".[12]

גענעראַל מאַריאַן ספּיכאַלסקי — „מאַרעק", זיין חבר פון אונטערערד שרייבט וועגן אים: „ר'איז געפאַלן ווי אַ מענטש פון אַ גרוים הארץ, צוגעבונדן צו זיינע פריינט, פילבאַר אויף ליידן. דער נאָענטסטער חבר פון באַרטאָשעק איז געווען (zych) באַראַווסקי,[13] פּסעווד' „טאַדעק", איינער פון די בעסטע מענטשן אין דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. נאָך אַן אַטענטאַט אויף אַ קאַסע האָט זיך באַרטאָשעק שוין געהאַט דורכגעריסן און געהאַט אַ גע־זיכערטן צוריק־וועג. אין דעם מאָמענט האָט ער באַמערקט, אַז באַבאַווסקי, אַרומגערינגלט דורך דייטשן און „גראַנאַטענע" איז געפאַלן, געטראָפן דורך אַ קויל. באַרטאשעק האָט, נישט טראַכטנדיק קיין איין רגע, זיך צוריקגעקערט, אַטאַקירט די דייטשן, געפּרווט אַוועקנעמען דעם פאַרווונדעטן. ר'איז אומגע־קומען צוזאַמען מיט אים. דאָס איז געשען אין מאַי 1943".

די אָנגריף־אַקציע פון באַרטאָשעק פון 20טן אַפּריל 1943 — 18,45 אַ זייגער באַשרייבט ספּיכאַלסקי אויפן סמך פון אַ גענויער רעלאַציע פון „טאַדעק" באַ־באַווסקי שוין אין עטלעכע מינוט נאָכן קאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען אויף נאָווינ־יאַרסקאַ גאַס, אויף אַזאַ אופן:

„אויף נאָווינ־יאַרסקאַ גאַס האָט די „גראַנאַטענע" פּאָליציי געהיט אַ דייַ־טשע נעסט פון מאַשין־געווער. עטלעכע מעטער ווייטער האָט דער המון אָבסער־ווירט די פאָרגעקומענע דראַמע. „יאַצעק" מיט אַ גרופּע פון אַ צענדליק יינגלעך האָט באַשלאָסן צו ליקווידירן די נעסט. „יאַצעק" איז אַרויף אויפן דאַך פון אַ שכנותדיקן הויז אויף שוויענטאָ־יערסקע, כדי זיך צו שאַפן אַ בילד וועגן דער לאַגע. אויסנוצנדיק דעם אומשטאַנד, וואָס דער המון האָט זיך געפונען אויף אַ דיסטאַנס פון 50 מעטער, האָט ער באַפוילן איינעם פון די גוואַרדיסטן צו וואַרפן אַ גראַנאַט אויף די דייטשן און זיך צוריקציען צוזאַמען מיטן אַנט־לויפנדיקן המון. דער רעשט האָט געדאַרפט זיכערן דעם צוריק־וועג פאַר די אַנטלויפנדיקע דורך דער שוויענטאָ־יערסקע ביז דלוגאַ דורך קילינסקיעגאָ לענג־אויס פּאָדוואַלע אויף אַלטשטאָט און ווייטער. דער גוואַרדיסט איז נישט געווען דעצידירט, ר'האָט כסדר אָפּגעלייגט.

„יאַצעק" האָט לסוף פאַרלוירן זיין געדולד און האָט זיך אָנגערופן אויף דייטש צו דער גרופּע „גראַנאַטענע", וועלכע האָבן איינגעהאַלטן דעם המון, אַז זיי זאָלן אים דורכלאָזן. רואיק און געלאַסן איז ער צוגעגאַנגען צום נעסט פון מאַשין־געווער. דאָן האָט ער בליצשנעל אַרויסגעצויגן זיין פּאַראַבעלום און אַוועקגעלייגט אַלע פיר דייטשן ביים מאַשין־געווער. ער האָט זיך אומגעדרייט — געגעבן פייער צו צוויי „גראַנאַטענע" און

---

12) סט. סאַווינסקאַ (באַרבאַראַ) »Lata Walki« זייט 165 — 166.

13) אַרטיסט־מאָלער באַקאַנט פאַר דער מלחמה, מיטגליד פון דער גרופּע לינקע מאָלער.

מיט א שנעלן טריט האָט ער, אויף די אויגן פונם געפּלעפטן המון, זיך אָנגע־הויבן צוזאַמען מיט „טאַדעקן" צוריקציען".[14]

אין דער זעלבער וואָך — דעם 22טן אַפּריל 1943 4 אזייגער ביינאַכט האָט באַרטאַשעק דורכגעפירט א דיווערסיע־אַקציע אויף דער מיטל־שטאָט־באַן־ליניע. דעם זעלבן טאָג האָט מען אונטערגעצונדן וואַגאָנעס פון א מיליטערישן טראַנספּאָרט צווישן דעם מערב־ און דעם הויפּט־וואָקזאַל. די דאָזיקע אַקציעס האָבן אויף צוויי טעג דעזאָרגאַניזירט דעם וואַרשעווער באַן־קנופּ. צום סוף פון דער ערשטער וואָך — דעם 23טן אַפּריל — אין דעם „גרויסן פּריוויטיק", האָבן דריי גרופּן פון דער פאָלקס־גוואַרדיע אַטאַקירט די דייטשן גלייכצייטיק אין פאַר־שידענע שטאָט־טיילן. דאָס איז געווען די צענטראַלע אַקציע פונם וואַרשעווער שטאַב פון דער פאָלקס־גוואַרדיע.

די גרופּע פון „גוסטאַוו" (ד"ר הענריק שטענהעל,) א דאָמבראָווסקי־זעלנער, א וועטעראַן פון שפּאַנישן בירגער־קריג, האָט אַדורכגעפירט אַן אָנגריף אויף פּרעטאַ־גאַס, ווו זי האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אויטאָ פול מיט זשאַנדאַרן.

ווען דער אויטאָ איז אָנגעקומען פאַר א הויז און זיך דאָרט פאַרהאַלטן, האָט די גרופּע, דורכגייענדיק פאַזע זיי, געוואָרפן גראַנאַטן: דער ערשטער גראַנאַט האָט זיך אָפּגעקלאַפּט אָן אַן אייזן איבערן אויטאָ און איז געפאַלן הינטערן אויטאָ אויפן ברוק. דער צווייטער איז אַריינגעפאַלן אין מיטן. צוויי זשאַנדאַרן אויפן גאַס, זעענדיק וואָס עס קומט פאָר, האָבן אָנגעהויבן ווילד צו שיסן. אין דעם זעלבן מאָמענט האָט עקספּלאָדירט דער גראַנאַט אויף דער ערד און אַריינגע־שליידערט די זשאַנדאַרן אינמיטן אויטאָ. אין א רגע שפּעטער עקספּלאָדירט דער גראַנאַט אין מיטן וואָגן און דער אויטאָ צינדט זיך אָן. אַלע זשאַנדאַרן, וואָס האָבן זיך געפונען אין אויטאָ, זיינען פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט דער מאַשין. די דייטשע פאַרלוסטן: 5 דערהרגעטע, פאַרברענטער אויטאָ. די גרופּע האָט זיך צוריקגעצויגן אָן פאַרלוסטן.[15]

די גרופּע פון טעטמייער און לעשעק האָבן געזאָלט דורכפירן אָנגריפן אין געגנט פון קערצעלי־פּלאַץ. צום אומגליק איז אָבער „לעשעק" געפאַלן דאָרטן נאָך פאַרן אָנהויב פון דער אַקציע.

אין משך פון דער זעלבער וואָך האָבן גרופּן פון דער „פאָלקס־גוואַרדיע" באַוואָרפן מיט גראַנאַטן דעם „אַרבעטסאַמט" אויף לעשנאָ און אַן אָפּטייל ס"ס אויף פּאָוואָנזקאָווסקאַ. א חוץ דעם האָט מען אָפּגערוימט מאַנכע זשאַנדאַרן־אָבסערוואַטאָרן בשכנות פון דער מלוכהשער פאַבריק פון ווערט־פּאַפּירן און אין אַנדערע פונקטן ביי די געטאָ־מויערן.

---

14) «Odrodzenie» 1945 נומער 13 — 14 זייט 3.

15) «Głos Warszawy» נומ' 32 — 3? פון 4טן מאַי 1943 י. ז' 3.

דער אָרגאַן פון פפ"ר „גלאָס וואַרשאַווי" האָט דעם 4טן מאַי 1943 געשריבן: „סאָלידאַרישע מיליטערישע אַקציעס. דאָס פּוילישע וואַרשע האָט דורך אַ ריי מיליטערישע אַקציעס דאָקומענטירט איר סאָלידאַריטעט מיט די קעמפנדיקע יידן."

...„פאַרשטייט זיך, אַז אַלע מיליטערישע קרעפטן אין וואַרשע האָבן געמיינזאַם געקענט דורכפירן אַ סך מער ענלעכע עפעקטיווע אַרויסטריטן. לייַדער, האָט אַ באַדייטנדיקער טייל אָנפירער פון מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס געוואָלט ליבערשט פאַרבלייבן מיט „געווער ביים פוס" אין אָנבליק פון אַזעלכע קראַסע פאַלן פון דייטשע פאַרברעכנס. דער אַזוי גערופענער באַשרענקטער קאַמף, פּראָפּאַגירט דורך דער פּוילישער רעאַקציע, האָט זיך דאָס מאָל באַגרענעצט ביז נול".

די פפ"רישע פּרעסע — קודם־כל „גלאָס וואַרשאַווי" האָט אין יעדן נומער געבראַכט אינפאָרמאַציעס וועגן דעם מצב פון געטאָ־אויפשטאַנד.

אויף צומאָרגנס נאָכן אָנהויב פון אויפשטאַנד — דעם 20טן אַפּריל 1943 האָט דער „גלאָס וואַרשאַווי" געשריבן: „אַ בלוט־באָד אין געטאָ. פון נעכטן פאַרמיטאָג קומען פאַר פאַרביסענע קאַמפן אין די גאַסן. די דייטשן האָבן געוואָרפן אין קאַמף 200 זשאַנדאַרן און 800 לעטן און ליטווינער, אונטערגעשטיצט דורך דער גראַנאַטענער פּאָליציי. די יידישע באַפעלקערונג נעמט זיי אויף מיט גראַנאַטן און רעוואָלווער־קוילן, מיט שטיינער און זאַלץ־זויער". „דייטשע בעסטיאַלישקייט האָט נישט קיין שיעור", „טויט די פאַשיסטישע מערדער".

דעם 28טן אַפּריל 1943 האָט „גלאָס וואַרשאַווי" פאַרעפנטלעכט אַ רעדאַקציע־אַרטיקל מיט אַ כאַראַקטעריסטישן און אַזוי נאָענטן פאַר די פּאַרטייַדיקער פון וואַרשעווער געטאָ קעפּ: „פאַר אונזער און אייער פרייהייט".

נאָכן פאַרשטעלן די שענדלעכע דייטשע פאַרברעכנס אין געטאָ, קלערט דער אַרטיקל אויף, אַז די שחיטה אין געטאָ איז אַ בלוטיקע פּרעלודיע צום ווילדן אָנגריף קעגן פּאָליאַקן.

„די באַוווסטזיניקע עלעמענטן אין וואַרשע — לייענען מיר ווייטער — האָבן גלייך פון אָנהויב פאַרשטאַנען, אַז ס'איז אונזער פליכט צו ברענגען הילף דער יידישער באַפעלקערונג, פּוילישע בירגער אין קאַמף מיט אונזער געמיינזאַמען אונטערדריקער. די פּוילישע באַפעלקערונג האָט געגעבן סאָלידאַריטעטס־באַווייזן דורך עטלעכע אַקציעס קעגן די היטלעריסטישע הענקער... די דאָזיקע סאָלידאַריטעטס־אַרויסטרעטונגען ווערן אָבער נישט באַגלייט דורך אַ מאַסן־הילף־אַקציע פון אַנדערע אומאָפּהענגיקייטס־אָרגאַניזאַציעס. ס'איז נישט גענוג צו באַוווּנדערן אָדער אויסדריקן אָנערקענונג פאַר דעם העלדישן קאַמף פון דער יידישער באַפעלקערונג". די צייטונג רופט צו אַקטיווער הילף פאַר די קעמפער.

„די פּוילישע געזעלשאַפט קאָן און דאַרף אַנטוויקלען אַ ברייטע הילפס־אַקציע פאַר די יידישע זעלנער, וואָס קריגן זיך אַדורך דורך די קאָרדאָנען פון די ס"ס, פייער און קאַנאַלן, כדי צו שאַפן פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען אין אונזערע וועלדער".

דער אַרטיקל ענדיקט זיך מיטן אַפּעל: „די הילף פאַר דער קעמפנדיקער יידישער באַפעלקערונג וועט גלייכצייטיק זיין אונזער אַקטיווע זעלבסט־שוץ קעגן די אָנגריפן פון שונא. נאָר דער בשותפותדיקער קאַמף פון אַלע אַנטיהיטלע־ריסטישע זעלנער קאָן פאַרשנעלערן דעם מאָמענט פון אַראָפּוואַרפן דעם בלו־טיקן יאָך פון פאַרהאַסטן פיינט. לאָמיר העכער לאָזן פלאַטערן די פאָן מיט דער לאָזונג: „פאַר אונזער און אייער פרייהייט".

פּפּ"ר רוקט כסדר אַרויס די לאָזונג פון סאָלידאַריטעט מיטן קעמפנדיקן געטאָ. שוין נאָכן פאַלן פון אויפשטאַנד פאַראורטיילט דער „גלאָס וואַרשאַווי" די פּוילישע רעאַקציע פאַר איר אומטעטיקייט און ווענדעט זיך צו דער אָנפירונג פון די אונטערערדישע „פּוילישע מיליטערישע קרעפטן": „בעת ס'האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרטיידיקונג פון וואַרשעווער געטאָ האָט איר זיך פאַרהאַלטן ווי אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן. איר האָט בלויז באַדויערט, נאָר די פאָלקס־גוואַרדיע האָט דורכגעפירט אַ ריי אָנגריפן פון אויסנווייניק, כדי צו מאַניפעסטירן די סאָלידאַריטעט מיט די קעמפנדיקע".[16]

אין יעדן נומער „גלאָס וואַרשאַווי" געפינען מיר קאַמפס־אָפּקלאַנגען פון געטאָ — דעם 28טן מאַי 1943 ברענגט ער: „די קאַמפן אין געטאָ דויערן. ס'איז נישט געלונגען צו ברעכן דעם ווידערשטאַנד פונם הייפל פאַרטיידיקער נישט געקוקט דערויף, וואָס דער 6 וואָכיקער אָנגריף ווערט געמאַכט מיט דער הילף פון אַלע מינים כלי־זין און גיפטיקע גאַזן. אין געוויסע פונקטן, צווישן אַנ־דערע אין דער געגנט פו נאַוואָליפּקי, האָט זיך דער קאַמף צעפלאַקערט פונ־דאַסניי. אין די לעצטע טעג הערט מען אַרטילערישע קאַנאָנאַדע און שאָסן פון מאַשין־געווער".

אין דער זעלבער צייטשריפט געפינען מיר נאָך אין יוני 1943 ידיעות וועגן קאַמפן אין געטאָ. „ס'האָט צוריק אויפגעלעבט די פאַרטיידיקונג פון געטאָ. פון אונטער די חורבות האָבן זיך ווידער באַוויזן קעמפער, וועלכע האָבן דעם 31טן מאַי און 1טן יוני אַטאַקירט (דייטשע) פּאָסטנס פון דער דרויסנדיקער זייט פון די מויערן. מ'האָט ווידער געבראַכט הילפס־אָפּטיילונגען, דער עיקר אוקראַינישע אָפּטיילונגען — ווייל דייטשן האָבן נישט ליב צו פאַלן".[17]

דער אויפשטאַנד אין געטאָ האָט געגוססט. מ'האָט געדאַרפט אַ טראַכט טאָן וועגן העלפן די זעלנער. דער פּפּ"ר־טוער קאָטליצקי, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן פּאַרטייאישן פאַרשטאָט־צענטער, האָט צוגעגרייט דאָקומענטן און ווילעם אַלס שטאָפּן־פונקטן פאַר די אַרויסגעפירטע קעמפער פון געטאָ.

סוף אַפּריל 1943 האָט מען אַדורכגעפירט אַ דיווערסיע־אַקציע אין דער געגנט פון דער מוראַנאָווער גאַס, כדי מעגלעך צו מאַכן דאָס אַדורכרייסן זיך פון אַ גרופּע זעלנער פון געטאָ.

---

16) »Głos Warszawy« נומ' 45 — 54, 27טן יולי 1943.

17) „ „ נומ' 30 — 39, 4טן יוני 1943.

אין דער וווינונג פון ליעגיעץ איז געוואָרן באַארבעט און באַשטימט דער פּלאַן אַרויסצופירן די געטאָ־קעמפער דורך די קאַנאַלן. די דאָזיקע אַקציע האָבן דורכגעפירט פּר. לענטשיצקי מיט זיין יונגן פּאַרטיי־חבר גאַאיק, פּסעווד׳ „קזשאַטשעק".

דעם באַשטימטן טאָג דעם 9טן מאי 1943 איז גאַאיק צוגעפאָרן מיט אַ לאַסט־אויטאָ צו דער קאַנאַל־עפנונג אויף פּראָסטאַ גאַס. די אָבסערוואַציע האָט פעסטגעשטעלט, אַז אין דערבייאיקן רעסטאָראַן איז געזעסן אַ קאָמיסאַר פון „גראַנאַטענע" פּאָליציי מיט נאָך אַ פּאָליציאַנט. גאַאיק איז אַריין אין רעסטאָראַן — דערגענטערט זיך צו זייער טישל, אַרויסגענומען אַ רעוואָלווער און דערקלערט, אַז ער איז פונם אונטערערד. „מיר האָבן אַן אַרבעט — נישט אַרויסגיין פאַר דעם, ווי מיר וועלן ענדיקן"!

פון קאַנאַל האָט מען אַרויסגעשלעפט 68 פּערזאָן און זיי אין אויטאָ איבערגעפירט קיין לאָמיאַנקי. עטלעכע מאָל האָט מען אין לאָמיאַנקי געבראַכט שפּייז. אינצווישן האָט די ווארשעווער אָרגאַניזאַציע פון פּפּ"ר זיך באַמיט אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט דער קיעלצער אָנפירונג פון דער פאָלקס־גוואַרדיע — דאָס איז נישט געלונגען, דאַן האָט מען זיי איבערגעפירט הינטער ווישקאָוו. גאַאיק האָט געדונגען צוויי לאַסט־אויטאָס, כלומרשט אויף איבערפירן האָלץ, האָט פאַרלאָדן אַלע אָפּגעראַטעוועטע געטאָ־קעמפער און זיי אַרויסגעפירט דורך דער גאַנצער שטאָט און דער קיערבעדזש־בריק, וואָס איז געווען שטרענג באַוואַכט. צוויי אָפענע אויטאָס מיט יידן! אויסגעלאָדן האָט מען זיי הינטער ראַדזימין און דאַן געשיקט אין וואַלד.

פון הינטער ווישקאָוו האָט גאַאיק דעפּעשירט צו לעגיעצן „טאַטע אַלץ אין אָרדנונג, מיר זיינען אויפן אָרט געזונטע און גאַנצע". [18]

צו די געשאַפענע יידישע גרופּן הינטער ווישקאָוו זיינען מיט אָרגאַניזאַציאָנעלע מיסיעס געפאָרן סטאַניסלאַוו שיקאָרסקי, דער קאָמענדאַנט פון מאָקאָטאָוו און דער שוסטער־אַרבעטער ליוטעק, פון מאָקאָטאָוו.

מצד דער ווישקאָווער פּפּ"ר־אָרגאַניזאַציע האָבן די יידישע קעמפער אויפגענומען טשאַרני פראַנעק, פּסעווד׳ „אָסטיעוויטש", סקאָטשען און שימאַנקאָוויטש. [19]

בסך־הכל האָט מען הינטער ווישקאָוו אַרויסגעפירט בערך 40 יידן. מ׳האָט זיי פאַרטיילט אין 3 קאַמפּס־גרופּן: 1) „יאַנעק ביאַלי" (שוואַרצפוקס), אַ חבר

---

18) דער יונגער פּ. פּ. ר.־חבר גאַאיק, פּסעוודאָנים „קזשאַטשעק", איז אומגעקומען אָנפאַנג 1944 פון דייטשע הענט. דערוויסנדיק זיך וועגן אַרעסט פון זיגמונט איגלאַ, איינעם פון די געראַטעוועטע געטאָ־קעמפער און אַ פּאַרטיזאַנער פון הינטער ווישקאָוו, איז גאַאיק געגאַנגען אין געשטאַפּאָ אויף אַלייע שוכאַ, כדי זיך דאָרט עפּעס דערוויסן וועגן אַרעסטירטן. פון דאָרטן האָט ער זיך שוין נישט צוריקגעקערט.

19) אַרכיוו פון ק. צ. פּ. פּ. ר. — זכרונות פון וואַצלאַוו בוטשינסקי.

פון פפ"ר (18 זעלנער) 2) א גרופע אונטער דוב'ס אָנפירונג 3) גרופע פון מערדעק גראוואס. די אַלע גרופן זיינען מיליטעריש געווען אונטערגעאָרדנט דער לייטונג פון דער אָפּעראַטיווער גרופע פון אָנפירונג 1, קרייז 3 פון דער פאָלקס־גוואַרדיע.

די גרופע פון „וויסן יאַנעק" אַט זיך אָנגערופן א"נ פון מרדכי אַניע־לעוויטש. די גרופע פון מערדעק האָט נישט לאַנג נאָכן אָנקומען אויפן אָרט זיך אָפּגעטיילט. די דאָזיקע גרופע האָט דורכגעפירט א ריי אַקציעס אין משך פון דעם חודש פון איר עקזיסטענץ.

אָט איז דער קאַלענדאַר פון די אַקציעס, דורכגעפירטע דורכן אָפּטייל א"נ פון מרדכי אַניעלעוויטש פון 5טן ביזן 26טן יוני 1943.[20]

16טן יוני — מיר האָבן דורכגעפירט אַן אַפּראָוויזאַציע־אַקציע אין טיל (דאָרף קרופּיענסקאַ). ביי יעדער אַקציע, אַפילו ווען זי טראָגט אַן אַפּראָוויזאַציע־כאַראַקטער, געדענקען מיר, אַז זי דאַרף האָבן א פּראָפּאַגאַנדיסטישע באַדיי־טונג. דורכגעפירט א מיטינג פאַר פויערים און מיל־אַרבעטער.

19טן יוני — דורכגעפירט א שטראָף־אַקציע קעגן סאָלטיס פון דאָרף שינקאַזשין, וועלכער האָט געדינט די דייטשן. דעם באַשולדיקונגס־אַקט האָט מען דורכגעלייענט אין אָנוועזנהייט פון די פויערים. מחמת דער אָפּ־וועזנהייט פון סאָלטיס האָט מען רעקווירירט זיין פאַרמעגן. פאַנאַנדערגעקלעפּט עטלעכע פלוג־בלעטער.

24טן יוני — פאַרניכטעט א קאָנטינגענט פון דער מילכעריי אין זאַ־זשעטקאַ. פאַרניכטעט 200 ליטער מילך, 50 ליטער שמאַנט, 2 טאָן צוואַ־ריך, רעקווירירט 1500 אייער, פאַרניכטעט טעכנישע איינריכטונגען און פאַרברענט אַלע דאָקומענטן. פאַנאַנדערגעקלעפּט פלוגבלעטער.

25טן יוני — דורכגעפירט אַן עקספּראָפּריאַציע איבער א דייטש אין דאָרף אָציענטאַ.

26טן יוני — דורכגעפירט א פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַקציע, פאַרבונדן מיט פאַרטיילן שפּייז־אַרטיקלען אין דאָרף טשאַפּלאָוויזנאַ. דעם 28טן יוני — אַן ענלעכע אַקציע אין דאָרף קרופּיענסקיע.

א חוץ דעם האָט א יידישע גרופע אונטער דער אָנפירונג פון „דודעק" זאַלענסקי פאַרניכטעט א בראָנפן־גיסעריי הינטער אורלע. מ'האָט דאָן אויסגע־גאָסן 400 ליטער ספּירט.

קורץ האָט עקזיסטירט דער יידישער פּאַרטיזאַנער־אָפּטייל פון דער פאָלקס־גוואַרדיע הינטער ווישקאָוו.

20) אַרכיוו ק. צ. פּ. פּ. ר. סיגנ' 2 3—1—ב.

דעם 8טן יולי 1943 האָט דער אָפּטייל פון „וויסן יאַנעק" דורכגעפירט אַ געלונגענע דיווערסיע־אַקציע אויפן צוג לאָכאָוו—טלושטש. דער צוג איז אויפגעריסן געוואָרן אין דער לופט. אַ צווייטער צוג הינטער שעוניצאַ, 10 קילאָמעטער הינטער טלושטש אין דער ריכטונג אויף לאָכאָוו.

נאָכן אויספירן די קאַמפּס־אויפגאַבן האָט דער אָפּטייל זיך צוריקגעצויגן צום וואַלד־פּונקט קרעווצאָוויטשנאַ און זיך פאַרהאַלטן ביים וואַלד־קאָנטראָלער פּיאָטר גראַשקאָווסקי. דער אָפּטייל איז באַשטאַנען פון 18 מענער און 2 פרויען. באַוואָפנט זיינען זיי געווען מיט פּיסטאָלעטן, יאַגד־ביקסן און אַ פּאָר ביקסן און אויטאָמאַטן. די פרוי פונעם וואַלד־קאָנטראָלער האָט וועגן יידישן פּאַרטיזאַנער־אָפּטייל מודיע געווען דעם נאָענטסטן זשאַנדאַרמעריע־פּאָסטן. די דייטשע זשאַנדאַרמעריע פון טלושטש, צוזאַמען מיט אַן אָפּטייל רעגולערן מיליטער (ווערמאַכט) פון סטראַכאָווקי, בסך־הכל 40 פּערזאָן, האָבן אַרומגערינגלט קראַווצאָוויזנאַ און צוגעטרעטן צו ליקווידירן די יידישע קאַמפּס־גרופּע. דער תבואה־שייער, וווּ די גרופּע האָט גענעכטיקט, איז געוואָרן אונטערגעצונדן. צו אַלע זעלנער, וואָס האָבן זיך געפּרוווט דורכרייסן דורך דעם פייער, האָבן די דייטשן געשאָסן. ניצול געוואָרן זיינען בלויז 4 פּערזאָן, וועלכע זיינען בשעת־מעשה געווען אין שכנותדיקן דאָרף אויף איינקויף שפּייז.

אַלע יידישע פּאַרטיזאַנער, וואָס זיינען געפאַלן אין דער דאָזיקער שלאַכט, זיינען קובר געוואָרן אין ברודער־קבר.

אַט אַזוי זיינען געפאַלן אין קאַמף מיטן היטלעריסטישן אָקופּאַנט די לעצטע פּאַרטיידיקער פון געטאָ.

די פאָלקס־גוואַרדיע האָט פאַר זיי זיך נוקם געווען דורך אַ טויט־אורטייל איבערן מסור פון דאָרף אודזשינעק.

* * *

דער פּוילישער דעמאָקראַטישער לאַגער האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די גרויסע היסטאָרישע באַדייטונג פונם געטאָ־אויפשטאַנד, הן פאַרן יידישן פאָלק, הן פאַרן פּוילישן באַפרייאונגס־קאַמף. הגם די פּוילישע דעמאָקראַטן זיינען דעצימירט געוואָרן דורכן אָקופּאַנט, מיט וועמען זיי זיינען געווען אין אַ כסדרדיקן צושטאַנד פון קאַמף אויף טויט און לעבן, האָבן זיי דאָך זייערע יידישע חברים געבראַכט יעטוועדע מעגלעכע הילף.

צום ערשטן יאָרטאָג פונם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד האָט „גלאָס וואַרשאַווי" אַזוי געשריבן: „פון דער גרויליקער טראַגעדיע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן, איז דער טאָג פון 19טן אַפּריל 1943 געוואָרן אַ סימבאָל

פון דעם חלק, וועלכן די יידישע געזעלשאפט האָט אַריינגעטראָגן אין קאַמף פאַר באפרייען זיך פון היטלעריסטישן יאָך, פון דער הערשאפט פון די „טויט־פאַבריקן" און גאַז־קאַמערן.

די דעמאָקראַטישע פרעסע האָט באַטאָנט, אַז דער געטאָ־אויפשטאַנד איז געוואָרן אַ מאָביליזירונגס־פאַקטאָר פאַר דער פוילישער געזעלשאפט, אין קאַמף מיטן היטלעריזם.

„דער אומגלייכער געראַנגל, וואָס איז מיט אַ יאָר צוריק פאָרגעקומען אין וואַרשע האָט באַוויזן דעם גאַנצן פאָלק, אַז קאַמף מיטן בלוטיקן אָקופאַנט איז נישט בלויז נויטווענדיק, נאָר אויך מעגלעך."

... ער איז געוואָרן פאַר גאַנץ פוילן דער וועגווייזער ווי אַזוי ניצול צו ווערן פון אומקום".

פאָלגנדיקע אָפּשאַצונג וועגן דער באַוואָפנטער טאַט פון וואַרשעווער געטאָ געפינען מיר אינעם אָרגאַן פון פפ"ר:

„מיט גאָלדענע אותיות האָבן זיך פאַרשריבן די נעמען פון די יידישע גבורים און דער אָנדענק וועגן די, וואָס זיינען געפאַלן, נישט איבערלאָזנדיק זייערע נעמען די קומענדיקע דורות, וועט אייביק פאַרבלייבן אין דער קאַמפס־געשיכטע פונעם געראַנגל אין פוילן און גאַנץ אייראָפּע". (21



21) Głos Warszawy פון מערץ 1944 נ' 123/31